„Rademer-Kielcer Leben" 15 (355) „Należytość pocztową uiszczono ryczałtem" VIII-טער יאהרגאנג פרייז 25 גראשען

היינט 8 זייטן.

Radom, dnia 17 Kwietnia 1931 r.

ראדאם, פרייטאג ל' ניסן תרצ"א

Redakcja i Administracja
Radom, Szwarlikowska 20.

*Oddział w Kielcach.*

אנאנסען - פרייז:
אין מיליםעטער שורה: פארן טעקסט 40 גר.
" " " אין " 60 "
" " " נאכ'ן " 25 "
די 1-טע און לעצטע זייט ענטהאלטען 8 שפאלטען
" אין טעקסט 4

# ראדאמער-קעלצער לעבען



צו דער פערלאבונג פון אונזער ברודער'ן-טאכטער
פרל. רוזשע פאטאזשניק מיט ה' מיעטשיסלאוו חישניאק,
ווינשען מיר דעם יונגען פאר'ל א גליקליכע צוקונפט
און די עלטערן פיעל נחת.
אברהם פאטאזשניק מיט פרוי

פיעל גליק ווינשען מיר דעם חבר יאסיל פאטאזשניק צו דער פערלאבונג
פון זיין טאכטער דעניע מיט ה' מיעטשיסלאוו ווישניאק אויס ווארשא
דעם יונגען פאר'ל א גליקליכע צוקונפט.
די דאמען-סעקציע ביים שניידער-צעך אין ראדאם

Z intencji zaręczyn mojej kochanej Koleżanki
**Adzi Goldbrochówny** z p. **Herszkiem Wasermanem**
życzę wiecznej miłości i harmonji dusz
Frania Najhausówna

Z intencji zaręczyn kochanej mojej kuzynki
**Andzi Baum** z p. **Izakiem Bergerem**
życzę jej wiele szczęścia na nowej drodze życia
Mania Wajnsztokówna

„קרן היסוד" קאמיטעט אין ראדאם.

שבת דעם 18-טען ד. ח. 1 נ. מ. קומט פאר אין קינא „קארסא" א גרויסער

# ארץ-ישראל-מיטינג

מיט דער בעטייליגונג פון דעם בעוואוסטען פאלאנטפולן רעדנער
רעד. נ. גערבאווסקי

איינגאנג פריי! וועלכער וועט רעפערירען א. ד. ט. „מיר בויען ווייטער" איינגאנג פריי!

אומזיסטע איינטריטס-בילעטען צו בעקומען אין לאקאל פון דער ציוג, ארג. לוב. 25 קאסא-קרעד. לוב. 23 סוחרים-פעראיין לוב. 18 און אין קינא.

Najgłębsze współczucie p. RÓŻY GOLDBERG
z powodu nieodżałowanej śmierci Ojca Jej

B. P. **Daniela**

wyrażają
*Kierownictwo i Personel*
Szkoły Dokształc. Zawod.
Gm. Wyzn. Żyd. w Radomiu.

אונזערע פריינד און בעקאנטע, וועלכע האבען אנטייל גענומען אין דער
לויה און אבגעגעבען דעם לעצטען כבוד אונזער נישט פערגעסליכען
מאן און פאטער

# דניאל גאלדבערג נ. ע.

און בפרט דעם ה' י. וויינגארט
דריקען מיר אויס דעם טיפסטען דאנק.

די אין טיפען טרויער פערבליבענע
פרוי און טעכטער.

# אין קיין געלד איז אלץ נישטא!

אז דער קריזיס איז שרעקליך, ווייסען מיר אלע, און אז ער פערגרעסערט זיך פון טאג צו טאג און נעמט ארום אלע קרייזען און שיכטען פון דער יודישער בעפעלקערונג איז שוין קיין ספק נישט.

עס איז א פאקט, אז פאר ס'רוב סוחרים און בעלי-מלאכות זענען אזעלכע שווערע מאמענטען ווי די פערגאנגענע ערשטע דריי חדשים פון דעם יאהר, יאנואר, פעברואר, און מערץ נאך קיינמאל נישט געווען.

בוכשטעבליך כמעט קיינער קויפט זיך נישט און מאכט זיך נישט גאָר נישט.

איבערהויפט איז שרעקליך געווען פאר פסח, ווען עס האט זיך שוין לאנג געדארפט אנהויבען דער זומער-סעזאן, און שטענדיג אין דער דאזיגער צייט האט שוין געהערשט א לעבהאפטיגקייט סיי אין מסחר, סיי אין דער מלאכה.

עס איז נישט קיין גוזמא, נאר א פאקט, אז מיט יעדען טאג ווערט די לאגע ערגער און טרויעריגער; עס טרעפען פאלען, אז געשעפטען מיט ארטיקלען פון ערשטען געברויך שטעהען ביז מיטאג, נישט האבענדיג אינגאנצען קיין פדיון, און דער גאנצער טעגליכער פדיון זייערער בעטרעפט נישט קיין העלפט ווי אין די פריהערדיגע צייטען; און ביי בעלי-מלאכות זעהט מען דאס נאך מעהר בולט: שניידערס פון די בעסטע און פאפולערסטע גיבען איבער, אז אין דער צייט ווען אין אנדערע יאהרען אין דער צייט פאר פסח פלעגען זיי שוין האבען א גאנצע רייה בעשטעלונגען, האבען זיי איצט געהאט בלויז קליינע בעשטעלונגען, וועלכע גיבען זיי בשום אופן נישט קיין מעגליכקייט איבערצוקומען די שווערע צייט.

דאס איז געווים נישט צוליב דעם, ווייל מענשען זענען געווארען שפארזאם און ווילען נישט אויסגעבען קיין געלד; דאס איז אויך נישט ווי מאנכע בעהויפטען צוליב דעם, וואס די רעגירונג נעמט אן א פערביליגערונגס-אקציע, דורך וועלכער אלע ארטיקלען זאלען ביליגער ווערען, האלטען זיך מענשען צוליב דעם אפ פון קויפען, ווארטענדיג ביז דער ארטיקעל וועט ביליגער ווערען.

מעגליך, אז דאס האט אן איינפלוס אויף די סוחרים, וועלכע ווילען זיך נישט צוגרייטען מיט קיין סך סחורה, מורא האבענדיג, אז די פרייזען פון דער סחורה וועלען פאלען און זיי וועלען שפעטער האבען א גרויסען היזק; אבער דער איינצעל קונה, וואס קויפט נישט קיין שום זאך אויף לאגער, נאר דאס וואס ער דארף און מוז האבען, וואלט ער געוויס נישט גע-

# טאג-בוך פון א ראדאמער זעלבסטמערדער

## (מיר אנטלויפען קיין פוילען.)

אין דארף זענען מיר געלעגען בעהאלטען בערך אכט טאג. פאוועל דער עלטסטער איינוואוינער פון גאנצען דארף, ביי וועמען מיר האבען אויסגעקליבען אונזער בעהעלטעניש, איז ארומגעגאנגען אין טיפער אנגסט. דאס האבען מיר דערקענט אין זיין פערזארגטקייט, אין זיינע שטילע, פוילישע טריט, ווי אלץ וואלט איהם נישט ניחא געווען. דער דאזיגער פויער האט אונז פערדעכטיגט, אז דאס אויסבעהאלטען זיך ביי איהם אין דער כאלופע שמעקט מיט א געהיימניספולע אקציע, וואס מיר האבען בדעה אויסצופיהרען. פאוועל איז געווארען בעאונרוהיגט זינט דעמאלט, ווען די מאסקווער שפעקיסטען האבען ביי איהם געמאכט א רעווידיע, ווי אויך דער פאקט, וואס מיר זענען דאן אריין אין קעלער. פאוועל איז פון דעמאלט-אן ארומגעגאנגען ווי א פערשלאסענער. ער האט זיך איצט פאר אונז מעהר געהיטען מיט א ווארט ווי מיר האבען דאס געטוהן פריהער. פאוועל האט אלץ אויסגעפיהרט, וואס מיר האבען בעוואלט, אבער מיט פיעל מורא און שרעקעוודיגע אונטערטהעניקייט. ביי אונז איז געווען פונקט פערקעהרט. מיר זענען גראד געוואָרען מעהר אפענער און דרייסטער. א ביסעל איז עס געווען פאר צומישעניש צוליב דער רעוויזיע פון די רויטע ארמייצעס און א שטיק דערפאר, וואס מיר האבען זיך שוין נישט געהאט מאר וואס און פאר וועמען צו היטען. ערשטענס האט דאס אלטע פויערישע פאר-פאלק שוין א ביסעל זיך אנגעשטויסען, וואס אונזער וויזיט בעדייט ביי זיי און דאס צווייטע איז געווען ווי איך האב שוין פריהער געזאגט. וואס איצט זענען פאוועל מיט מארילא געווען אויך פעראינטערעסירט, אז אלץ זאל בלייבען אין געהיים אזוי אז אפילו זייערע דארפישע שכנים זאלען פון גארנישט וויסען, כדי קיינער זאל זיי נישט נאכשפיאנירען און אונטערטראגען א מסירה'לע קיין מאסקווע.

ווארט ביז די פערביליגערונג וועט קומען.

בכלל האט די ברייטע מאסע נישט קיין גרויסען צוטרוי צו דער דאזיגער אקציע פון ביליגער מאכען די ארטיקלען זעהענדיג קודם כל, אז די ארטיקלען, וואס זענען קאנצעסיאנירט אין נישט בלויז וואס זיי ווערען נישט ביליגער, נאר אפילו נאך טייערער.

מיט איין ווארט פון אלץ איז צו זעהן, אז דער שטילשטאנד אין מסחר און מלאכה איז צוליב דעם, ווייל די בעפעלקערונג האט נישט פאר וואס צו קויפען.

עס איז „אפס כסף" און עס פרעגט זיך טאקע: וואס וועט ווייטער זיין?

ו. ק.



# יודישע קהלות און רבנים ערפילט אייער געזעלשאפטליכען חוב.

דאס רעגיסטרירען די צאהל יודישע חתונות, געבורטען און טויט-פאלען איז ביי דער יודישער בעפעלקערונג זעהר פערנאכלעסיגט. אין פערשידענע ערטער ווערען למשל די געבוירענע קינדער לגמרי נישט רעגיסטרירט; דאגעגען ווערען אבער די צאהל טויט-פאלען פינקטליך פערצייכענט און אזוי ארום קומט אויס, אז אין צענדליגער שטעדטלעך ווערט די יודישע בעפעלקערונג כסדר פערקלענערט בשעת אין דער ווירקליכקייט שטעלט זיך די זאך פאר גאר אנדערש. אין פערשידענע שטעדט אין גאליציע, ווערען ווידער די טויט-פאלען נישט ווי געהעריג רעגיסטרירט און צוליב דעם ווייזט דארט די סטאטיסטיק ארויס א בעדייטענדען צוואוקס פון דער יודישער בעפעלקערונג. נאך ערגער איז די לאגע אין די קרעסען-שטעדט, דארטען ווערען סיי די געבורטען און סיי די טויט-פאלען נישט פינקטליך רעגיסטרירט.

אזא מצב איז עלול צו ברענגען די גאנצע דעמאגראפי-סטאטיסטיק אין אן אונענדליכען כאאס און ס'וועט מיט דער צייט אונמעגליך זיין פעסטצושטעלען די פאקטישע צאהל יודען, וואס האט אזא גרויסע געזעלשאפטליכע באדייטונג. די צאהל יודען אין פוילען ווערט איצט אפגעשאצט אויף 2 מיליאן 800 טויזענד, בשעת אין דער ווירקליכקייט דארף לויט די מיינונגען פון א טייל עקאנאמיסטען, זיין אין פוילען 3 מיט א האלבען מיליאן יודען.

כדי פעסטצושטעלען די פאקטישע לאגע איז דעריבער נויטיג געווען צונויפצוזאמלען פון אלע יודישע קבוצים אין פוילען די געהעריגע מאטעריאלען וועגען דער צאהל געבורטען און טויט-פאלען ביי די יודען פאר די לעצטע יאהרען און אויף דעם סמך קענען פעסטשטעלען די אונטערשיידן צווישען דער פערהאנענער אפיציעלער סטאטיסטיק און דעם אמת׳ן מצב.

די געזעלשאפט „טאז" האט דעריבער בעשלאסען צוצוטרעטען צו דער דאזיגער ארבייט און מיט דער פארשטענדיגונג פון הויפט סטאטיסטישען אמט זענען אויסגעארבייט געווארען די פארמולארען און אנקעטען וועגען דער צאהל חתונות, געבורטען און טויט-פאלען ביי די יודען די לעצטע 10 יאר.

צו דעם צוועק איז נויטיג געווען צו קומען אין קאנטאקט מיט ספעציעלע קארעספאנדענטען אין די בעזונדערע ערטער, וועלכע זאלען קענען אויספיהלען פינקטליך די ציפערדיקע אנקעטעס.

אין דעם פאל האט די געזעלשאפט „טאז" געהאלטען פאר פאסיג צו ווענדען זיך קודם-כל צו די יודישע קהלות און רבנים וועלכע פיהרען אין פיל ערטער דעם קאטאסטער און מעטריקאלע ביכער, אדער א רעגיסטער פון דער יודישער בעפעלקערונג.

די קהלות און רבנים וועלען זיכער אפשאצען די וויכטיגע בעדייטונג פון דער דאזיגער ארבייט און וועלען אהן ספק מיטהעלפען אז די אנקעטע זאל ווי געהעריג אויסגעפיהלט ווערען און צו דער צייט צוריקגעשיקט ווערען.

ביים אויספיהלען די אנקעטע דארף מען אומבאדינגט זארגען אז די ידיעות זאלען ריכטיג אנגעגעבען געווארען. די געזאמעלטע מאטעריאלען וועלען סומירט ווערען פאר גאנץ פוילען און אזוי ארום וועט עס דינען פאר א אריענטאציע וועגען די באפולאציע - פערהעלטנישען פון דער יודישער בעפעלקערונג אין פוילען.

ווי עס צו זעהען פון דעם ביזיעצטיגען גאנג פון דער אקציע, ווערט די אנקעטע פון „טאז" דורך פיל קהלות און רבנים פינקטליך אויסגעפיהלט. לייDER אבער זענען נאך פארהאן זעהר פיל וועלכע האבען זיך נישט אפגערופען אויף דער ווענדונג פון „טאז", וואס עס שטערט זעהר דאס צונויפצאמלען דעם גאנצען מאטעריאל.

עס איז דעריבער צו האפען, אז קיין איין יודישע קהלה און קיין איין יודישער רב וועט זיך נישט אפזאגען פון זייער געזעלשאפטליכען חוב צו דער דאזיגער וויכטיגער ארבייט פון „טאז" און וועט אהן שום אפהאלט אויספיהלען און צוריק אבשיקען די אנקעטעס וועגען דעם נאטירליכען צוואוקס פון דער יודישער בעפעלקערונג אין זייער שטאדט.

---

אין א אויפגערעגטע, אין א נערווען-צעפעלדיגע שטימונג האבען מיר אזוי פערברענגט העכער א וואך אין דארף און דורך דער גאנצער צייט האבען מיר אפילו נישט געזעהן, ווי עס זעהט-אויס דער דרויסען און אין אונזערע געדאנקען האט געלעבט א פארשטעלונג, ווי מיר האלטען דא זיך געפינען ערגיץ אין א העק, א וויסטע אזעלכע, וואו קיין מענשען זענען נישטא און, אז די איינציגע איינוואהנער פון אט דער מדבר זענען די צוויי אלטע לייט. מיר האבען שוין אויך געהאט רעזיגנירט פון מיין יונגערע טאכטער'ס אומקעהרען זיך. ס'האט שוין קיינער נישט געגלויבט, אז מיר וועלען זי נאך זעהן א לעבעדיגע. יעדער פון אונז איז געווען זיכער, אז נישט אנדערש, נאר מען האט זי געכאפט און ארעסטירט. און, אז ס'איז בלויז א פראגע, צי מ'האט זי שוין נישט דערשאסען דארט אין דער מאסקווער „טשעקא". יעדעס מאהל ווען מיר האבען זיך דערמאנט וועגען איהר זענען מיר געבליבען זיצען מיט א שטימען טרויער און פון יעדענס אויגען האט ארויסגעקוקט א יאוש, אבער קיינער האט נישט געלאזט מעהר א ווארט דערעדען דערפון. דאס האט מען געטוהן צוליב מיר, נישט וועלענדיג מיר שיטען זאלץ אויף די ווינדען.

מיר האבען נישט אויפגעהערט כסדר צו טראכטען, וואס מיר האבען צו טוהן ווייטער. מיר האבען געמאטערט די קעפ און אויסגעארבייט פערשידענע פלענער. די הויפט-פראגע איז געווען צי זאלען מיר זיך לאזען ווייטער אהין צו דער גרעניץ, אדער זאלען מיר אפשר זיך צוריקציהען קיין רוסלאנד. צו דער גרעניץ אנטלויפען איז אונז שוין אויסגעקומען פאר א גרויסע סכנה. דארט שטעהט פיעל רויט מיליטער און דא האבען מיר צומאלט נישט קיין ריכטיגע בעזער און אויך נישט קיין שום ערלויבענישען, סיי פון דער באלשעוויסטישער און אויך נישט פון דער פוילישער מאכט. געהן ווידער גנב'ענען די גרעניץ איז א צו-גרויסע ריזיקע, דאס קאנען מיר פערדשאטען ווערען, אז מיר זאלען שוין מעהר נישט זעהן די ליכטיגע וועלט פאר די אויגען. ווי קא מען זיך עפעס גלאט אזוי איינשטעלען? אונזער גרופע האט זיך געטיילט אין צוויי כתות. מיין עלטערע טאכטער מיט איהר מאן, דעם באלשעוויסטישען קאמיסאר זענען קאטעגאריש געווען דערפאר, אז מיר זאלען אונבעדינגט ציהען נעהנטער צו דער פוילישער גרעניץ און דארט וועלען מיר ערשט זעהן, וואס מיר האבען צוזוהן. זיי האבען גע'טענה'ט, אז צוריק קיין רוסלאנד האבען מיר מעהר קיין וועג נישט. דארט איז דער שפיאנאזש געוואלדיג ענטוויקעלט און ס'איז קיין ספק נישט, אז דארט וועט מען זיך שנעל דערוויסען. ווער מיר זענען און וואס מיר האבען אבגעטוהן. זיך לאזען צוריק קיין רוסלאנד, האט מיין איידעם מיט מיין טאכטער פערזיכערט, הייסט געגאנגען אויף א זיכערען טוידט. ווייטער די צווייטע כתה וואס איז בעשטאנען פון דריי טשעקיסטען, האבען דוקא געהאלטען, אז אויב ריהרען זיך אין וועג אריין איז נאר רוסלאנד, ווייל ביי דער גרעניץ וועלען מיר געוויס אריינפאלען. אין רוסלאנד, האבען זיי געגעבען צו פערשטעהן, וועלען מיר זיך קאנען אויס'ן ערגסטען פאל רעהאבליטירען, מחמת אזוי ווי מיינע צוויי טעכטער האבען זיך דער-

# פאבאר פאר'ן יאהרגאנג 1910

## די קאמיסיע וועט זיין טהעטיג פון 1 מאי ביז'ן 19 טשערוויעץ.

די ראדאמער טשאראסטווא האט אויסגעארבייט אנ'אויספיהרליכען פלאן פון פאבאר פאר די יאהרגענג 1910, 1909 און 1908, וועלכע זענען אין די פאריגע יאהרען אנערקענט געווארען אלס צייטווייליג נישט פעהיג צו מיליטער-דיענסט און אויך פאר די עלטערע יאהרגענג, וועלכע האבען זיך ביז איצט נישט געשטעלט פאר דער קאמיסיע און האבען נישט רעגולירט זייער בעציהונג צום מיליטער-דיענסט.

די קאמיסיע הויבט אן אמטירען דעם 1 מאי און וועט זיין טהעטיג טעגליך ביז'ן 19 טשערוויעץ.

# לעבענסמיד דורך רעומאטישע שמערצען!

אין דער צייט פון דעם איצטיגען קריזיס פאלען די טאג-טעגליכע דאגות זעהר צולאסט יעדען. און ווען עס קוועלען איינעם דאצו נאך אונאויפהערליכע שמערצען, קען קאן באמת דאס לעבען נמאס ווערען. דעריבער איז אויך זעהר אינטערעסאנט דער בריף פון ה' פ. מאגן, ווארשא, קאנארסקעגא 5, אין וועלכען עס שטעהט צ. א.: זייט יארען לייד איך אויף רעוומאטיזם. די אונערטרעגליכע שמערצען האבען מיר דאס לעבען פערמיאוסט און איך בין נישט געווען פעהיג צו קיין ארבייט. איך האב באנוצט א סך מיטלען וועלכע האבען ליידער נור פאראיבערגעהענד געווירקט, וויל נאך א קורצער צייט האב איך ווייטער שמערצען געהאט. צופעליג האב איך א בעקאנטען פון מיין ליידען ערצעהלט און ער האט מיר געראטען צו פרובירען טאגאל-טאבלעטען, וועלכע ער האט שוין אליין מיט גרויס ערפאלג בענוצט בשעת ער האט אויף נעווראליע געליטען. לויט זיין עצה האב איך אין אפטייק טאגאל געקויפט. מיט פרייד מוז איך פעסטשטעלען אז דער ערפאלג איז געווען וואונדערבאר. שוין זייט 3 חדשים האב איך קיין שום שמערצען, איך פיהל מיך איצט פולקאמען געזונד און קאן שוין ווידער ארבייטען. אויס דאנקבארקייט און אויף נאמנות עמפפעהל איך יעדען ליידענרען טאגאל-טאבלעטען אלס היילמיטעל. עס איז באמת נישט פאראהנען וארקיין בעסערס איבער טאגאל געגען רעוומאטיזם, גיכט, שמערצען און רייסען אין די געלענקען, ברעכען אין די ביינער, קאפ- און נערווען שמערצען, גריפע, ערקעלטונגען. איבער 6060 דאקטוירים אטעסטאטען, דאפון א סך בעריהמטע פראפעסארען. טאגאל איז עוקר כן השורש די קראנקהייט אויף א נאטירליכען אופן און איז אונשעדליך פאר'ן הארץ, מאגען און אנדערע ארגאנען. טויזענדער ליידענדע האבען זייער געזונדהייט א דאנק טאגאל-טאבלעטען צוריק געווינען. פרובירט און איבערצייגט אייך אליין! צו באקומען אין אלע אפטייקען

# קאמף פון דער געזעלשאפט מיט דער רעגירונג געגען דער סאכארין פלאג.

אין היינטיגען נומער פערעפענטליכען מיר א בעקאנטמאכונג פון פינאנץ-אמט וועגען בעלוינונגען וואס זענען בעשטימט געווארען דורכ'ן פינאנץ-מיניסטעריום פאר אנווייזען א פערקויפער (25 זל.) אדער (א געוועלב 75 זל.) וואס פערקויפט סאכארין, דערביי וועט די פערנאהן פון אינפארמאטאר נישט ווערען ארויסגעגעבען. די פעראָרדנונג פיהרט אויס א גרויסע אקציע, וואס איז אנגעהויבען דורך די לעהרער ארגאניזאציעס פון די פאוושעכנע שולען, הערצערן און פעראיין פון מיטארבייטער פון גמינע-אדמיניסטראציע אין לערנען די בעפעלקערונג וועגען די גרויסע בעדייטונג פון צוקער-ערנערונג. צו דעם צוועק זענען צאהלרייך פונאנדערגעקלעבט איבער'ן לאנד קאלירטע אפישען.

אונברחמנותדיג בעדארף מען פערניכטען די שמוגלערס און הילף בעדארף ארויסגעוויזען ווערען די אקציע פון די געזעלשאפטליכע-אינסטיטוציעס, וועלכע ציעלען, געזונד צו מאכען און אויפצוהויבען דעם לעבענס-טריעב פון די בריימע שיכטען פון דער בעפעלקערונג.

אלע אינפארמאציעס ערטיילען און אויך אומזיסטע פראפאגאנדע מאטעריאל שיקען איבער די פראפאגאנדע-ביוראס פון צוקער-קאנסומציע, ווארשא קאראוואוו 20 און די צענטראלע ארגאניזאציע פון שוץ איבער יודישע קינדער.

# אונערווארטעטע נצחונות פון יודישען ספארט-קלוב „בר-כוכבא”.

ווי גאר ס'האט זיך געשטעלט דער ספארט-סעזאהן אין אונזער שטאדט האט זיך באלד אויפ'ן ערשטען אויבען-אן ארויסגעשטעלט דער היגער יודישער ספארט-קלוב ב"כ, וועלכער האט פשוט צעמישט זיינע געגנער אויפ'ן קאמפס-פלאץ. דער מייסטערי מעטש מיט „טשארני” האט קלאר בעוויזען, אז דאס מזל פון היינטיגען יאהר איז אהן ספק איבערגעגאנגען צו דער גוט אייגעשפילטער און טעכנישרוטינירטער ב"כ. דאס שפילען איז אוועק מיט אזא אמביציעזער קראפט, אז דער סוף איז געווען, אז איינער פון די ב"כ-שפילער, אגב דער בעסטער און עלטסטער, כרירמאן, איז אויף א פאטאלען אופן געשאדענט געוואָרען צוליב זיין וואונדערבארער, אבער גלייכצייטיג מסירת-נפש'דיגע פעריידיגונג פאר'ן דוהם און כביד פון יודישען ספארט. דאס שפיל אין אלגע...

סוף — זייט 6.

וויסט, אז מ'נעמט מיך, זייער פאטער, דערשיסען, האבען זיי דערצו נישט צוגעלאזט, וויסענדיג ביי זיך, אז איך בין אומשולדיג פער'משפט געווארען. דאס איז נאך נישט — האט זיך איוואן, איינער פון די עלטערע טשעקיסטען אין אונזער גרופע געהיצט — קיין קאנטער-רעוואלוציאנערער אקט, וואס מ'זאל אזוי שארף דערפאר בעשטראפט ווערען. דאגעגען דאס כאפען אונז ביי דער גרעניץ וועט פיעל ערגער אויסזעהן. דאן וועלען מיר שוין אפיציעל געשטעמפעלט ווערען אלס פעררעטער און געגנער פון דער באלשעוויסטישער מאכט. און דאן האט איוואן גערעדט אין א זיכערען טאהן, דאן קען פרעגט איך א רוכט הערען גע... פעהרליך אונזער סיטואציע.

איך בעזונדערליך האב קיין שום אנטייל נישט גענומען אין דער דיסקוסיע. כ'האב מורא געהאט א ווארט זיך אנצורופען. כ'האב מיך געפיהלט ווי א בעשולדיגער מיט דעם, וואס צוליב מיר, ס'הייסט צוליב דעם, וואס מ'איז געגאנגען מיך ראטעווען, זענען די אלע מענשען געשטעלט געווארען אין א שווערע, קאמפליצירטע, כמעט אויסגאנגלאזע לאגע—יעדער איך גאך האבען דעם מוטה א דעה צוזאגען, און צווייטענס ווער קאן עס וויסען וועלכע עצה איז בעסער און זיכערער. איך האב געשוויגען, אבער אין געדאנק האב איך געטראכט, אז ס'איז נישטא קיין אנדערער וועג נאר צו אנטלויפען קיין פוילען צוריק אין מיין געבורט-לאנד. ניין, מיך ציהט מעהר נישט קיין רוסלאנד. אין יענעם לאנד האב איך קיין מזל נישט. זינט איך האב איבערגעטרעטען די שוועל פון יענער מדינה פערפאלגען מיך כסדר טראגעדיעס איינע שוידערליכער פאר דער צווייטער. איך האב דעריבער געשטרעבט און ערווארט די מינוט, ווען ס'וועט פאלען דער בעשלוס אז אנטלויפען זאל מען נאר קיין פוילען. הגם איוואנס ווערטער האבען ענטהאלטען מעהר לאגיק און לויט זיין פלאן וואלט אפשר די לאגע געווען ווענגער געפעהרליך, דאב איך דאך נישט געוואלט, אז זיין מיינונג זאל זיעגען נאר זוקא אנטלויפען צו דער פוילישער גרעניץ און באדיי איינשטעלען דאס לעבען אין כיאי צוליב דער איינער האפנונג, אז טאמער וועט אונז פארט יא געלונגען זיך אריינצובעקומען אויף דער פוילישער ערד. מעג איוואן אפשר זיין מפתר געוועכט ווי מיין איידעם. אבער זיין פלאן איז אויך נישט קיין זיכערער זאך, מיט רוסלאנד קאן מען קיינמאל נישט זיכער זיין. ס'איז שוין אזא לאנד ובפרט פאר מיר וועלען זיך מיין איידעם, מיין טאכטער און די איבריגע טשעקיסטען רעהאביליטירען, וועט זיך אבער אנהויבען פאר מיר א נייע קייט פון צרות. ס'וועלען זיך שוין אונטערריקען נייע בורעניות'ען. אזא מזל האב איך שוין צום דאזיגען רוסלאנד. וואס האב איך דארט שוין אלץ נישט איבערגעלעבט?

עטליכע טעג נאכאנאנד האבען זיך די צוויי כחות געראנגעלט מיט די געדאנקען. איינער דעם צווייטען האט כסדר איבערגעשפארט און אבגעווארפען זיינע ארגומענטען. מ'האט זיך געשלאגען מיט דער דעה און נישט געקאנט זיך קיין עצה געבען. ביידע פלענער האבען געשמעקט מיט ריזיקע, ביידע וועגען זענען געווען נישט זיכער און דעריבער האבען ביידע נישט געקאנט קומען צו קיין איינשטימיגען בעשלוס.

רעד. נ. גערבאָווסקי.

# לאמיר נאר וועלען.

(ספעציעל פאר'ן „ראדאָמער - קעלצער לעבען".)

אין די לעצטע עטליכע יאָהר זענען דערשינען אין ארץ-ישראל מעמואַרען פון די ערשטע פּיאָנערען, וועלכע האָבען געלייגט דעם גרונטשטיין פאָר דעם גראַנדיעזען ארץ-ישראל-בנין. שוין לאַנג האָט אַ בוך אויף מיר נישט געמאכט אזאַ שטאַרקען איינדרוק, ווי די דאָזיגע דאָקומענטען פון איבערמענשליכער אָנשטרענגונג און עקשנות און כמעט פלאכישען אידעאַליזם.

ס'זענען געקומען מענשען, דערצויגענע על-פי-רוב, אין דייכטום, אויפגעהאָדעוועט אין וואוילטאג, אין אַ לאַנד, וואו אחוץ הימעל און ערד איז פאר זיי גאָרנישט געווען אָנגעגרייט, אַ היימעל אַפילו אַ שענער, מיט אַ שטענדיג שטראַלענדיגער זון, דערפאַר אָבער אָנ'ערד אַ כלאַטיגע, אַ זומפּיגע, קראַנקהייט-פערשפרייטענדיגע, ממש אַ סם המות פאַר דעם וואָס בעזעצט זיך אויף איהר.

אוף דער דאָזיגער ערד האָבען זיי קיין אנערקענונג'ס רעכט נישט געהאָט. קיין פּאָליטישע דעקלאַראַציע האָט זייער רעכט איהר צו בעאַרבייטען נישט כאַקריאַנירט, און קיין עקאָנאָמישע וועלכע ס'איז בעדייטענדיגע אונטערשטיצונג האָט זיי צו זייער שווערער אויפגאַבע נישט בעגלייט.

געצעהלטע זענען זיי געווען, די דאָזיגע אידעאַליסטען-מלאכים, אַ קליין הייפעלע צווישען דעם פילמיליאָניגען אידענטום אויף דער וועלט.

און געצעהלטע זענען געווען אויך זייערע מיטבויער, מיינונג'ס-גענאָסען און מיטהעלפערס אין גלות. קוים עטליכע מנינים אין אַ גרויסען אידישען צענטער.

אין די לאַנגע ווינטער-טעג אָדער אין די זומערדיגע בין-השמשותן פלעגען זיך צונויפזאַמלען די דאָזיגע געצעהלטע „חובבים", בשתיקה און בחדרי-חדרים און איבערגעבען איינער דעם אַנדערען די גרוסען, וועלכע ס'קומען אָן פון „דאָרטען". פון דעם הייפעלע פערווירקליכער פון דעם חלום. פון דעם חלום, וועלכער איז סון נייניציג פראָצענט אידען געווען אויסגעלאַכט און אָפּגעחוזקט.

און זעלטען זענען געווען די גרוסן פרעהליכע, נישט אַלע מאָהל האָט מען זיך משמח געווען מיט אַ ציג, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין ארץ-ישראל אָדער מיט אַ שטאָל פאר דער בהמה וואָס איז אויפגעבויט געוואָרען. על פי רוב פלעגען אָנקומען איוב'ס בשורות. דער איז פון פיבער געשטאָרבען, און יענער איז פון מאָלאַריע פאַר דער צייט פון דער וועלט אַוועק, צוגעקומען זענען כמעט איינציגהייז בויער אין לאַנד, און גלייכצייטיג זענען צוגעקומען קברים נאָך קברים אין קאַמפף מיט דער פאַרפעסטעטער ערד...

און דאָך—

ווי שטאַרק איז געווען דער גלויבען אין דעם ציל, אין דעם אָנקומען צו איהם. ווי מעכטיג איז געווען די האָפנונג אין דעם אידעאַל פון „שיבת-ציון" אין זיין פערווירקליכונג!

ווי די מערטירער אין ארץ-ישראל, אַזוי אויך דער אוואַנגאַרד פון די „חובבים" אין גלות זענען געווען דורכגעדרונגען מיט נישט קיין נאַטירליכער עקשנות, און די דאָזיגע עקשנות איז קיין שווערער, טרויעריגער, אַפילו שוידערליכער מצב נישט געווען בכח צוצוברעכען.

ווי די, אַזוי אויך יענע זענען געווען אָנגעפילט עפעס מיט אַזאַ אויסערגעוועהנליכען מוט, וואָס קיין מכשול איז נישט בכח געווען אָפּצושוואַכען.

און ביי די ארץ-ישראל'דיגע, ווי ביי גלות'דיגע אין די הערצער האָט געפלאַקערט אַזאַ העלישער פייער פון ליבע און מסירת-נפש צום אידעאַל פון בנין ארץ-ישראל, אַזאַ „נר-תמיד" האָט ביי זיי געלויכטען, אַז קיין ווינט פון גזירות, פערווערונגען און פערבאָטען האָט עס נישט געקאָנאַ אויסלעשען.

און אויב אויף דער וועלט האָט אַראָפּגענידערט „עשרת קבין" פון סבלנות, אַנשטרענגונג און מסירת-נפש, האָבען עס אונזערע אַמאָליגע בנים פון ארץ-ישראל ניין מאָס, טאָקי די גאַנצע תשעה קבין, פאַר זיך צוגענומען. אין דעם איבערצייגען אונז די זכרונות פון די געצעהלטע נאָך ביים לעבען פערבליבענע אריערגאַרדיסטען פון דעם ארץ-ישראל אויפבוי.

---

דאָס איז געווען אַמאָל. מיט אַ יאָהר פופציג, פערציג בערך צוריק.

און היינט?

ווען נישט נאָר דער הימעל אין ארץ-ישראל איז רייצענד און ערקוויקענד, נאָר אויך די אַמאָליגע זומפּיגע קראַנקהייט-פערשפרייטענדע ערד איז אַ דאַנק דעם „קרן-היסוד" געוואָרען „נחמד למראה ותאיה לעינים" און איז ממש מחיה נפשות פון די אַלע, וועלכע זענען נאָר זוכה אויף איהר צוטרעטען. איצט, ווען כמעט נייניציג פּראָצענט פון די נחמות פון אונזערע נביאים ווענען אַ דאַנק די קרנות „הקימת" און „היסוד" מקוים געוואָרען. איצט ווען טראָץ אַלערליי מכשולים זענען מיר דאָך נאָהנט צו דער פערווירקליכונג פון טויזענדער - יעהריגען חלום פון אונזער פאָלק, איצט, דוקא איצט ווערען מאנכע ענטמוטעט, אָפּהענדיג, אַזוי אַז מען קאָן מיינען, אַז עס הייבט אָן אויסרינען דער קרוג פון „תשעה קבין" סבלנות און תארטנעקיגקייט, וואָס מיר האָבען פערמאָגט.

אין מען פערגעסט, אַז מכשולים אויף אַזאַ שווערען וועג, ווי דער, וועלכער עס פיהרט אונז צו אונזער לאַנד. און שוועריגקייטען אין אַזאַ גראַנדיעזער זאַך, ווי אונזער ציוניסטישער אידעאַל איז, זענען גאַנץ נאַטירליך, פשוט בדרך הטבע און קיין איבעראַשענדעס בעדאַרף עס נישט זיין.

אַ שטערונג אַראָפּ, אַ שטערונג ארויף און אויך די געהט פערביי, און, אפשר אַנ'אַנדערע קומט אָן — סוף כל סוף וועלען זיי אַלע בעזייטיגט ווערען און מיר וועלען טריאומפירען מיט אונזער ענדגילטיגען נצחון.

---

און ווען איך הער און איך זעה, ווי מאנכע עהרליכע ווערען צושראָקען, פערצווייפעלט, אָדער ווי ניט עהרליכע ווילען זיך בענוצען מיט די שוועריגקייטען און שאַפען זיך דורך זיי אַ תירוץ, כדי ניט צו ערפילען זייער חוב פאר ארץ-ישראל — דערמאַן איך זיך אָן דעם מאמר פון דעם תנא:

„אם הראשונים כמלאכים, אנו כבני אדם, ואם הם כבני אדם אני כחמורים"...

אונזערע ערשטע, מיט צענדליגער יאָהרען צוריק, זענען אודאי געווען מלאכים. אָט די דאָזיגע מדרגה האָבען מיר ביי אונזער שטענדיגען ערפילען אונזער חוב פאר ארץ-ישראל דאָך ניט דערגרייכט זיי. זיי, די ערשטע, האָבען פאר אונז דעם שטיינערנעם וועג אויסגעפלאַסטערט און געמאכט ארץ-ישראל פאר א זאך, וואָס פשוט'ע בני-אדם קענען פון איהר נוצען האָבען, כמעט פאר א „ארץ-נושבה". מאכען מיר אָבער אַנ'הפסקה, אין אונזער אויבייט פאר ארץ-ישראל; גליטשען מיר זיך ארויס מיט דעם אָדער יענעם תירוץ פון ערפילען ווייטער אונזער חוב, פאַלען מיר מיט דיגב אריין אין דער דריטער און לעצטער מדרנה... וועלכע איז שוין גורם אייביגע קנעכטשאַפט, אייביגען גלות.

אויב ניט קיין מלאכים, לכל הפחות שטיקלעך בני-אדם זאָלען מיר זיין. און ווי אזעלכע זאָלען מיר אין די איצטיגע שווערע טעג אונזער חוב ערפילען.

אונזער פעסטען ווילען צו דערווערבען ארץ-ישראל זאָלען מיר מיט די שטאַרקסטע בעווייזען דעמאָנסטרירען — מיט געהעריגע, בסבר-פנים יפות'דיגע גתינות פאר'ן „קרן-היסוד"!

און וועלען מיר נאָר וועלען, אויף אַנ'אמת וועלען מיט אַלע רמ"ח איברים ווי אויך טיילוויז מיט דער קענשענע, וועט דער בנין הארץ, וועלכער איז שוין לאנג קיין לעגענדע ניט, ווערען א פרעכטיגע ווירקליכקייט.

### ענדע פון ספארט-בעריכט

מיין און בפרט דער רעזולטאט פון דערפאנטעז מעטש ( 0:3 ) האט די שטארקע „מטארני" ממש צעחושט.

---

א נאך גרעסערע איבערראשונג האט ב"כ ארויסגערופען מיט'ן פערמעסטען זיך מיט דער פיזיש-שטארקער „טור" פון וויערזשבניק. די ניט-פערגינער פון ב"כ האבען זיכער גערעכענט, אז דאס מאהל וועט ב"כ ארויס א בעזיגטער און „טור" וועט איבערשלאגען די אס-פיראציעס פון ב"כ צו פערנעמען דאס ערשטע ארט אין דער מייסטערשאפט. די ניט-פערגינער האבען זיך ניט בעטרוגענט בלויז מיט זייער פאסיוער האלטונג און ס'האט זיך בולט אנגעהויבען בעמערקען אנ'אויסגעשפראכענע טענדענציעזע בעציהונג, וועלכע האט זיך אויסגעדריקט אין האמעווען דעם געשיקטען טעמפא פון ב"כ. אזוי למשל האט דער ריכטער זיך בעמיהט, ווי ס'ווייזט אויס מיט א פאראויס בעשטימטע כונה, צו בעזייטיגען פון פלאץ די בעסטע שפילער. טראץ אבער די אלע שטערונגען האט ב"כ פונדעסטוועגען זיך אויסגעצייכענט און מיט א מוסטערהאפטע שפיל געשלאגען דעם געגנער מיט 2 געגען 0 (א דריטען גאל, וואס ב"כ האט אויסגעקעמפט האט דער ריכטער נישט געוואלט אנערקענען.)

אינטערעסאנט, אז דער שיעדס-ריכטער איז פון ר.ק.ס. און זיין טענדעציעזע האנדלונג ערקלערט זיך דערמיט, האס דער איינציגער קאנקורענט געגען ר.ק.ס. איז ב"כ, וועלכער האט גרויסע שאנסען לויט זיינע צאהל פונקטען צו פערנעמען דאס ערשטע ארט.

---

# די „קרן-היסוד" אקציע איז ראדאם.

### רעדאקטאר נ. גערבאווסקי פיהרט אן מיט דער אקציע!

מארגען שבת ווערט אין ראדאם פראקלאמירט די היי-יעהריגע „קרן-היסוד" אקציע.

די אנפיהרונג פון דער אקציע אין ראדאם איז אויך דאס מאהל דורכן דירעקטאריום פון „קרן-היסוד" אין פוילען אנפערטרויט געווארען איינעם פון זיינע בעסטע מיטארבייטער רעד. נ. גערבאווסקי.

דער חשוב'ער גאסט, וועלכער קומט קיין ראדאם היינט 1.12 נאכמיטאג איז נישט קיין „פנים חדשות" אין אונזער שטאדט. יעדער פון אונז, און איבערהויפט די וואס שטעהען אין, אדער, נאענט צו דער ציוניסטישער מחנה, געדענקען נאך זיינע אויסגעצייכענטע, רוהמפולע, עפענטליכע ארויסטרעטונגען בשעת'ן דורכפיהרען די „קרן-היסוד" אקציע אין ראדאם אין פערגאנגענעם יאהר.

ביי יעדען פון אונז, איז נאך טיעף איינגעקריצט אין זכרון, זיין גייסטרייכע רעדע אויף דער פייערליכער ארץ-ישראל אקאדעמיע אין קינא טעאטער „ראזמאיטאשצי", וואו ער האט ממש בעצויבערט אלע צוהערער מיט זיין אינהאלט'סרייכע און איבערציגענדע ווערטער און עלעקטריזירט די פולע ....ניסע דע אין זאל.

רעד. נ. גערבאווסקי האט זיך דאן ארויסגעוויזן נישט בלויז אלס מאדערנער רעדנער, ווייל אויך אין זיינע רעדעס אין בית-המדרש און אין דער גרויסער שוהל האט ער זיך ארויסגעוויזען אלס ערשט קלאסיקער רעדנער אויך פאר לומדים און חובשי בית-המדרש, וועלכע האבען מיט ענטציקונג בעוואונדערט זיין בקיאות און זיינע חריפות'דיגע אויסטייטשען פון פערשידענע פסוקים און מאמרי חז"ל אין א שעהנער מאדערנער פארם.

ה' גערבאווסקי האט זיך שוין ביי אונז קונה שם געווען אויך מיט זיין ארגאניזאטארישען טאלענט און מיט זיין אויסערגעוועהנליכער השפעה אויף די עסקנים דורך וועלכען עס איז איהם געלונגען דורכצופיהרען די פאראיאהריגע אקציע פאר'ן „קרן-היסוד" אין אונזער שטאדט מיט'ן שעהנסטען ערפאלג.

עס איז דארום קיין וואונדער נישט, וואס די ידיעה, וועגען אנקומען פון רעד. נ. גערבאווסקי קיין ראדאם, האט ארויסגערופען אזא צופרידענהייט אין די קרייזען פון די „קרן היסוד" עסקנים אין אונזער שטאדט.

שבת בעת'ן דאווענען וועט רעד. נ. גערבאווסקי רעדען אין גרויסען בית-המדרש, וועגען דער אויפבוי ארבייט אין ארץ-ישראל.

שבת 1 נאכמיטאג קומט פאר אין זאל פון „קארסא" א גרויסע פאלק'ס פערזאמלונג אויף וועלכער רעד. נ. גערבאווסקי וועט רעפערירן א. ד. ט. „מיר בויען ווייטער"!

שבת אווענד קומט פאר א פערזאמלונג פון עסקנים מיט דער בעטייליגונג פון ה' גערבאווסקי צו וועלכער עס זענען איינגעלאדען געווארען אלע נאציאנאלע און געזעלשאפטליכע טוער אין שטאדט.

בעגריסענדיג אונזער חשוב'ען גאסט מיט'ן טראדיציאנעלען „ברוך הבא", ווינשען מיר איהם, אז זיין היי-יעהריגער ארבייט פאר'ן „קרן-היסוד", פאר'ן פינאנציעלען אינסטרומענט פאר אונזער אויפבוי-ארבייט אין ארץ-ישראל, זאל געקרוינט ווערען מיט'ן זעלבען ערפאלג ווי אין פערגאנגענעם יאהר.

---

# די אויסשטעלונג פון ראדאמער פרויען = קרייז.

ווי מיר ווערען געוואויר, וועט די אויסשטעלונג וועלכע ווערט ארגאניזירט דורכ'ן פרויען-קרייז לטובת דעם „קרן קימת" געעפענט ווערען אין ל"ג בעומר ח. י. (31-V-5). די אויסשטעלונג וועט זיין אנ'אנגענעהמע אטראקציע פאר דער ראדאמער יודישער בעפעלקערונג.

עס וועלען אין דער אויסשטעלונג זיך בעטייליגען יודישע ווי אויך קריסטליכע פירמעס.

זעהר רייך וועט זיין פערטרעטען דער קיאסק פון „ארץ-ישראל" - פראדוקטען און די קונסטליכע אויסארבייטונגען פון דער „בצלאל-שולע" אין ירושלים.

---

# בעריהמטער סטאניעווסקי - צירק אין ראדאם.

אלס איינער פון די גרעסטע און רייכסטע צירקען אין פוילען ווערט ביים היינטיגען טאג גערעכענט דער סטאניעווסקי צירק. דער דאזיגער צירק האט זיך שטענדיג געצעהלט צווישען די פאפולערסטע און אינטערעסאנטסטע, אבער לעצטענס א דאנק זיין רעארגאניזאציע און בערייכערונג אויף אלע געביעטען איז דער צירק נאך פיעל בעדייטענדער אויסגעוואקסען, און פיעלפאך געשטיגען מיט זיין פערנעהם, אינהאלט, דעקאראציע און סאמע שלאגער-אטראקציעס.

אויף זיין טורנע איבער פוילען האט דער סטאניעווסקי-צירק אויך בעשלאסען זיך אבצושטעלען אויף איי-ניגע טעג אין ראדאם. די צווייטע וואך דינסטאג קומט פאר די פייערליכע ערעפנונג.

אין פראגראם איז פאראויסגעזעהן זעהר א סך איבערראשענדע און גייץ וואונדערבארע אטראקציעס, וואס ראדאם האט נאך ביז היינט נישט געזעהן. אויף א גאר הויכע מדרגה שטעהט די אקראבאטיק און דאס אויסדרעסירונג פון פערשידענע חיות.

דער געשעפטס - פיהרער פון דער דאזיגער קאלאסאלער צירק-אונטערנעהמונג איז א יוד.

---

# קאמער - טעאטער „ארר ט" אין ראדאם.

אין לאדז עקזיסטירט שוין א רייהע יאהרען א יודיש קאמער - טעאטער „ארר ט". דאס טעאטער האט אין לאדז זיך ערווארבען א שם-דבר. זיין פאפולאריטעט האט דאס טעאטער צו פערדאנקען דעם בעקאנטען יודישען דיכטער משה בראדערזאהן, וועלכער איז דער קינסטלערישער לייטער און במעט דער גאנצער משפיע איבער די מאדערניסטישע ריכטליניען פון דאזיגען אויפגעצייכענטען טעאטער.

„ארר ט" הויבט די טעג אן זיינע גאסטראלען אין ווארשא און אויף דער נסיעה זיינער האט „ארר ט" נישט פערגעסען אבצושטאטען א וויזיט אויך אונזער שטאדט.

„ארר ט" גיעט אין ראדאם נאר איין פארשטעלונג. די וואס הילען זיך פערשאפען א גייסטיג פערגעניגען אויף עטליכע שעה מעגען זיך לאזען אפרעדען און קומען בעזוכען דאס קאמער-טעאטער וואס טרעט אויף מיט א אויסגעצייכענטען אנסאמבל אין אינהאלט-רייכען פראגראם.



# קעלצער אבטיילונג.

## דעלעגאציע פון דער קעלצער האנדווערקער־קאמער אין האנדעל'ס־מיניסטעריום.

### וויכטיגע ערקלערונג, וועגען מלוכה קרעדיטען פאר בעלי־מלאכות.

הײנטיגע וואך איז דורכ'ן האנדעלס־מיניסטעריום אויפגענומען געווארען א גרעסערע דעלעגאציע פון דער קעלצער האנדווערקער־קאמער. וואס איז באשטאנען פון די ה"ה: פרעזידענט כמיגא, וויצע־פרעזידענט קלושניאק, ווטיפין (קעלץ), פאלצער (ראדאם) און דירעקטאר אקסענטאוויטש (קעלץ).

די דעלעגאציע האט אין נאמען פון די האנדווערקער אין קעלצער וואיעוואדשאפט, פארגעשטעלט דעם מיניסטער א רייהע באדערפעניסן, און נעמליך: 1) צו באווילליגן דער האנדווערקער־קאמער צו פארטיילן א סומע פון 60 טויזענד אין די קריסטליכע און יודישע קעלצער, האנדווערקער באנק, 2) די רעגירונג זאל אויך היי־יאהר ערטיילן, דורך דער פערמיטלונג פון די קאמונאלע קאסעס, גרעסערע הלואות פאר די בעלי־מלאכות, 3) צו פערבעסערן די קרעדיט נאך, אדער גרינדען שול־װארשטאטען, אונטערנעמען פריוואטע ארבייט'ס באשטעלונגען, 4) גענצליך צו רעגולירן די שטייער־סיסטעם וואס רואינירט אמאטערקסטען דעם האנדווערקער־עלעמענט, און 5) אנצונעמען מיטלען קעגען דער „באטא"־קאנקורענץ.

דער מיניסטער האט גענוי אויסגעהערט אלע געשטעלטע פאדערונגען און צוגעזאגט אלעס צו ערלעדיגן. בנוגע דער באטא־פראגע, האט דער מיניסטער געבעטען, דער דעלעגאציע אויסצוארבייטען א פראיעקט בנוגע גרינדען א שוסטער קאאפעראטיוו, וואס זאל קענען קאנקורירען מיט באטא אין אלע הינזיכטען. אזוי ארום וועט די פראגע געלעזט ווערען.

דער מיניסטער האט זיך באזונדערס אינטערעסירט מיט דער לאגע פון די יודישע האנדווערקער אין קעלצער וואיעוואדשאפט און זיך געלאזט אינפארמירען וועגען דעם, דורכ'ן מיטגליד פון דער דעלעגאציע ה' גוטמאן.

## ערב די קהלה־וואהלען אין קעלץ.

**א פעראייניגטער נאציאנאל־רעליגיעזער בלאק.— אלעקסאנדער חסידים געהען מיט א אייגענע ליסטע.— אגודה געבליבען בלויז ביים גערער־שטיבעל.— דער „בונט" פון די צעירים און „רעליגיעזע סאציאליסטן"**

נאר 2 וואכען טיילען אונז אב פון לעצטען טערמין פון אריינטראגען די ליסטען צו דער יודישער קהלה. אבער אימעטום, הן ביי די וועהלער מאסען און הן אין די געזעלשאפטליכע קרייזען, הערשט נאך איצט א געוויסע קעלטקייט און שוואכער ווילען צו פיהרען א שטורעמדיגע וואהל־קאמפאניע, ווי עס געהער צו זיין.

אבער פארט, עפעס איז שוין געשעהען געווארען. ווי מיר דערוואוסט זיך, איז לעצטענס געשאפען געווארען א אייגעמיינער נאציאנאל־רעליגיעזער בלאק, צו וועלכען עס געהערען, אויסער די ציוניסטישע ארגאניזאציע און מזרחי, אויך געוויסע אן־פארטייאישע גרופען, וואס שטעהען אויפ'ן נאציאנאלען באדען. אויף דער דאזיגער ליסטע וועלען פיגורירען די אנגעזעהענסטע און פעראנטווארטליכסטע יודישע געזעלשאפטליכע טוער פון קיעלץ.

אין אגודה לאגער איז גאר אונהיימליך. די ידיעה אז די קיעלצער אלעקסאנדער חסידים שטעלען ארויס א באזונדערע ליסטע מיט ר' בעריש פערל בראש, האט דארט אנגעמאכט א מהומה. די אגודה ווייסט, אז זי איז אין קיעלץ א גאנץ קנאפער כח און דער עיקר שטיצען זיי זיך ביי די וואהלען אויף די אלעקסאנדער און אנדערע חסידים. איצט אבער איז טאקי נישט פויגעלדיג

איך דערצעהלט מען, אז אין אייגענעם לאגער אפילו הערשט נישט קיין שטארקער שלום. דאס „נייע" גערער שטיבעל פערלאנגט קאנדידאטען פון דער יונגערער גווארדיע ז. ה. פעסטע פארטיי מענשען און דאס „אלטע" גערער־שטיבעל וויל דוקא עלטער אנגעזעהענע פערזאנען.

און צו דעם אלעם האט די אגודה דאגות מיט איהרע צעירים. זיי בעשטעהען נישט. די יונגע „נאסלעדניקעס" און ווילען האבען א דעה, אנדערש מענה'ען זיי — וועלען מיר זיך נישט ריהרען צו דער וואהל אגיטאציע, אין טהוט אונז עפעס!

נאך גרעסערע „חוצפה" האבען די „פועלי־אמוני'ניקעס". זיי האלטען זיך שוין נעמליך פאר א זעלבסטשטענדיגע פארטיי פון „רעליגעזע סאציאליסטען". פערדרייסען די נעז און דיקטירען דער אגודה: —איהר מוזט אונז געבען איין זיכערען מאנדאט. מיר זענען שוין גענוג רייף און וועלען זיך נישט לאזען עקספלאאטירען מצד אייערע בירגערליכע פערלאגען און אפעטיטען. מיר מוזען האבען א אייגענעם רעליגיעז־סאציאליסטיש - אגודה'שען - ארבייטער פארשטעהער, וואס זאל פערטיידיגען אונזערע אינטערעסען! וואס? איהר ווילט אונז נישט געבען קיין מאנדאט? מיר וועלען זיך א עצה געבען אליין אויך, אבער איהר אהן אונז זיכער נישט...

אזוי „חוצפה'דיג" זענען זיי עס די יונגע „רעוואלוציאנערען" און די אגודה איז צומישט און קאן קיין אויסוועג נישט געפונען.

# שטיצט דעם אויפבוי פון ארץ-ישראל ◉ — דעקלארירט זיך פאר'ן — „שרן היסוד' ◉

# צו דער אידישער עפענטליכקייט!

ווי גאר די וואהל-קאמיסיע ביי דער היגער קהלה האט זיך געשאפען און בפשטעטיגט געווארען דורך דער מאכט, האבען מיר געפינען פאר נויטיג צוזאמען מיט די פארשטעהער פון אנדערע פאליטישע און רעליגיעזע גרופירונגען, אויפמערקזאם צו מאכען די אויפזיכט'ס מאכט אויף דעם איינזייטיגען צוזאמענשטעל פון דער וואהל-קאמיסיע. מיר האבען אויפמערקזאם געמאכט דאראויף אז א וואהל-קאמיסיע מוז זיין דער פערטרייטער אויסדרוק פון דעם גייסטיגען, רעליגיעזען און ווירטשאפטליכען לעבען פון דער געמיינשאפט. .

דעסטא מעהר קאן די געשאפענע וואהל-קאמיסיע נישט ענטשפרעכען די פאקטישע פערהעלטניסען און נישט צופרידענשטעלען די דערמאנטע גרופירונגען ווען זי איז געשאפען געווארען דורך א קהלה פערוואלטונג, וועלכע איז צופעליג בעקומען צו דער מאכט, דורך גאנץ זייטיגע וועגען און געפינט זיך אונטער א רעקורס אין א אנקלאגע. אזא וואהל - קאמיסיע קאן בשום אופן נישט זיין די אונפארטייאישע, ריכטיגער, איבער פארטייאישע קערפערשאפט, וועלכער זאל גאנץ אביעקטיוו און ערליך דורכפיהרען די וואהלען צו דער קהלה אין אונזער שטאדט.

ליידער האט מען זיך צו אונזערע רייד נישט צוגעהערט און דער צוזאמענשטעל פון דער קאמיסיע איז געבליבען דער זעלבער וואס פריהער. און איצטער וואס זעהען מיר קוים ביי די ערשטע שריט איהרע, בלויז ביים צוזאמענשטעלען די וועהלער רשימות, ווייזט זיך ארויס אט וואס: העכער 1500 וועהלער פעהלען אין גאנצען אין די וועהלער רשימות, צווישען וועלכע פ'געפינען זיך זעהר חשוב'ע בעלי-בתים וואס צאהלען עטאט שטייער שוין זייט צעהנדליגער יאהר. דאגעגען פיגורירען הונדערטער נעמען פון מענשען מיט א נידריגער שטאק-פינאנציעלע פארגאנגענהייט. עס פיגורירען נישט חשוב'ע בעלי-בתים וואס טראגען די לאסטען פון צרכי ציבור אין [illegible] שטאדט זייט צעהנדליגער יאהר, פאר דאס פיגורירען א היבש ביסעל נעמען פון שוכני עפר, פון יאהרען לאנג עמיגרירטע און פון אפיציעלע שנאררער.

דאס אלץ דאט מען זיך געקאנט ריכטען לויט ווי מיר קענען דעם צוזאמענשטעל פון דער קאמיסיע. אבער דאס וואס די דא [illegible] לייט האבען זיך ערלויבט לעצטענס בנוגע צו איינעם פון די חשוב'סטע און פידוי-סטעלפסט בירגער פון אונזער שטאדט, וואס געהט שוין איבער יעדע גרעניץ פון עטישער ביסאלעכקייט און מאראלישער דעגענעראציע. דאס איז נישט בלויז א שאנד-שטאט נור גלייכצייטיג אויך א כאראקטעריסטישע [illegible] זאך. מען האט באשלאסען העשטראבען פון דער וועהלער רשימה אין [illegible] מאמענט דעם נאמען פון דעם פרעזעס פון קהלה-ראט, און דעם [illegible] ציוניסטישען און געזעלשאפטליכען עסקן יחיאל פרענקעל און אויף [illegible] א שגגליכען איבער דאס אז געשעהן, בשעת מיר האבען [illegible] די רשימה האט דער נאמען יחיאל פרענקעל פיגורירט כדת וכדין [illegible] ס'איז מעהר נישט נייטיג געווען צו רעקלאמירען, אבער [illegible] דעם 10 אפריל ד. י. דאס הייסט שוין 3 טעג נאכ [illegible] טערמין צו געבפערן וועגן רעקלאמאציעס איז געווען דער 7 אפריל) [illegible] קומט ה' יחיאל פרענקעל צו באפייער פון דער קאמיסיע מיט דער איבערשריפט פון האנדווערקער דאווער ה' בנימין האבעראק, צו ער וועט אין דער וועהלער ליסטע נישט פיגורירען.

**אידען בירגער!** עס האנדעלט זיך נישט דא בלויז וועגען דעם נאמען וואס איז „דורכגעלאזט" אדער געשטראכען געווארען דורך די מיאוסע הענד פון די איינטיגע קהלה-גראבלער, גראד דער קריסטאל-ריינער נאמען פון יחיאל פרענקעל וועט דורכדעם נישט ליידען. אבער ווייסט, בירגער, אז דאס איז א מאטש אין פנים, דאס איז א אטענטאט אויף אונזער אלעמענס זעלבסט-ווירדע. די קויל איז דאך געציעלט אין אונז אלעמען: אט זעהט, מיר פרעגען נישט נאך אייך, אט האבען מיר דוקא געשטראכען איינעם פון די שענסטע און פערדינסט-פולסטע בירגער, הגם ער האט שוין אויף דער ליסטע פיגורירט און דוקא 3 טעג נאכ'ן בעשטימטען טערמין. וועלען מיר בירגער דאס אלץ פערשווייגען און דערשטיקען אין זיך? ניין, מיר מוזען צוזאמענעמען אונזערע אלע כוחות און מיט דער גאנצער מאראלישער קראפט זיך געגענשטעלען דעם דאזיגען דעמאראליזירענדען כוח און איהם אויסווארצלען פון אונזער געזעלשאפט. ווי די אומווירדיגע מוזען די אלע לייט געשטעלט ווערען מחוץ לניחנה!

## דער וואהל קאמיטעט

ביי דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין ראדאם — ع














Redaktor Ch. M. Herz    Drukarnia Wyd. „Radomer-Kelcer Leben" Radom Szwarlikowska 30.